אהרן ראַפּאַפּאָרט

דורך פּיערוועגט

פֿאַרלאַג נײַ־אידיש

אַרויסגעגעבן

אין זעקסטן יאָר נאָך דער וועלט מלחמה

נויאָרק.

# אהרן ראַפּאַפּאָרט

# דורך פייערווענט

# ערד מײן ערד

א

ערד מײן ערד!
מיליאָנען מאָל האָסטו זיך געדרײט,
ביז דו האָסט זיך דערדרײט צו מיר.
מיך, אַ ליכטיקײט
פון אײביקײט,
אין דײן ערדישקײט באַקלײט.
בין איך געשמידט צו דיר מיט מײן ליכטיקײט
אין דײן שטויביקײט.
און װי דו מײן ערד,
שלינגסט בלינדערהײט דאָס ערדישע,
שלינגסט און שװײגסט,
שלינגסט און שװײגסט
אַז דײן װילן פאַר דער צײט פאַרשניטענע.
זאָפּ איך אײן דעם צער אויף דיר מײן ערד!
דאָך אין טיפן־טיף שטילט ניט דײן לאַװאַ־האַרץ,
דײן גלוטיקע
און גיט דיר ניט קײן רו פון אײביקן געברױז.
שטילט ניט מײן האַרץ
מײן בלוטיקע,
און גיט מיר ניט קײן רו אויף דיר מײן ערד.
ביז אײנשלינגען װעסטו מײן, דײניקע,
באַהעפטן זיך אין שטויביקער באַהעפטונג
אין אײביקער.

אהרן ראַפּאַפּאָרט

און ווי דו האָסט זיך צו מיר דערדרייט
אין דיין שווינדלענדיקן קאַראַהאָד געדריי
וועסטו אין ווייטע־ווייטן צו ליכטיקערע זיך דערדרייען
דאָך, מיין צער און צאָרן —
וועט רויכערנדיק פון דור צו דור זיך ציען
און אויך אין זיי נאָך גליען.

ב

אין טעג, אין נעכט,
וויקלסטו זיך מיין ערד,
און וועסט זיך שוין ניט אויסוויקלען.
און וויקלענדיג פאַרוויקלסטו
אין שטויבעלאַך די טעג
אין שטויבעלאַך די נעכט.
און מיט יעדן צוק פון הארצן,
טאָגט און פאַרנאַכטיקט אויף דיר מיין ערד
זינט דו ביזט ערד.
פאַרהילן זיך לעבנס אין פאַרנאַכטן
און אין טאָגן; בליצן אַנדערע אויף.
און ניט איך בין אויסדערוויילט
צו אַנטפּלעקן דעם סוד פון דעם;
נאָר צו שנירן דעם שנור פון דורות
בין איך, ווי דער בליץ דאָ אויפגעבליצט.
און וועל פאַרשווינדן, וועל פאַרשווינדן
ווי דער בליץ פאַרשלונגען וואו.

ג

ווי די נאכט די שווארצע נאכט
מעקט און פארמעקט די טעג;
ווען צייטן ווייכפינגערדיק,
ווישן און פארווישן אונדז.
דאך אין געזאנג מיט יעדן קלאנג,
וועט זיך בויערן אונדזער אומגליק
אין די דורות — דורך די צייטן
אין אייביקייט, אין אייביקייט.
און ווען אין א זאל א ווייסן
וועלן פארלאך טאנצן, אויסצוטאנצן
די ווייסע פרייד פון יענע צייטן
וועט אויך אין דעם געזאנג — פון יעדן קלאנג
לויערן אונדזער אומגליק.
און אן אויער וועט דאך דערהערן
און א הארץ וועט אונדז דערפילן.

אהרן ראַפּאָפּאָרט

## אַהרן בן גרשון בן משה

איך בין ניט קיין הי געבוירענער,
מיין קינדער פרייד האָב איך דאָ ניט אויסגעשטיפט.
פון אָנהויב, ווי אַ פאַרלוירענער
האָב איך זיך דאָ אַרומגעזוכט;
דאָס שטיבל האָט די מאַמע דאָן
אַ שכן כמעט אוועקגעשיינקט.
איך, מיט דעם תנ"ך אין מיר
דאָ איינוואוינער געוואָרענער;
בירגער פון דער וועלט.

# דורך פייער ווענט

## א

פאַרמעטן וויקלען זיך פאַר מיר
מיט אותיות לעבעדיקע, ווי שליינגעלאַך:
בויערט זיך אין מיר ניגון פון יאַך
מיט שימחַ־וואָרט פון שוטר ווי פון היילן אַרוים
— אהרן בן גרשן בן משה!

## ב

ווי מורא'דיק —
מדבר אָטעמט וויסט,
ווינט זייט זאַמד,
ווינט ווייהט ווינד,
שופרות שאַלן,
ווי אָקסן וואָלטן רעווען דורך די הערנער —
זיי קומען
מיט גאָט
מיט שבת —
ווי פון דער נאַכט שיילן זיי זיך אוים
פון טיף־צייט
אין מיין טיף,
מיין שטאַם.

ג׳

די וועלט איז פול מיט גוים און מלחמה —
מיך, לאָזן זיי ניט צורו.
זיי נעמען מיך
מיט׳ן תנ״ך
מיטן שבת.
קליידן מיך אָן
קליידער מיט אַזעלכע קנעפּ,
און אַ העלם אויף מיין קאָפּ — אַ שטאָלענע שיסל,
דער קאַפּיטאַן זאָגט, ער איז שטאָלץ מיט מיר:
אַזאַ אייזערנער
אַזוי רירעוודיק
מיט אַ קאָפּ וואָס פאַרלירט זיך ניט.
גיט ער אַ נעם די ביקס
דרייט ער זי ווי אַ ווירע אין דער האַנט —
מיט אַזעלכע נעמט מען אַ וועלט.
איך קוק זיך אָן;
דאָס וואַסערל שפּיגלט אָפּ
אי מיך
אי די זון.

אהרן ראַפּאַפּאָרט

די זון לאַכט רויט,
איך לאַך
ווי די זון לאַכט.
העלם אויף מיין קאָפּ
מיט'ן רימען אונטער'ן קין
רייפט אַרום מיין פּנים.
די ביקס ליגט האַרט אויף מיין שולטער
איינגעשטאָכן מיטן באַיאָנעט אין דער וועלט.
דער גאַרטל גורט מיך אַרום פול מיט קוילן —
אַן אמת'ר פּיראַט!
נאָר אויגן אָנגעטרונקענע מיט טרויער
ווי ווייַנטרויבן מיט וויין.
און דאָס בין איך —
אהרן בן גרשן בן משה.
די זון קומט רויט, מיט רויטע טריט פון מזרח.
די זון גייט אונטער רויט, מיט רויטע טריט אין מערב.
און איך האַלט דעם באַיאָנעט איינגעשטאָכן אין דער
וועלט.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

והיה באחרית הימים..

## נו גייען מיר.

נאכט.
מיר פאקן זיך.
מיינע אונז מאַלן תוהו ובוהו:
בלאסקיד־בלענד,
חושך־פלאטער,
בלענדן,
בלינדן.
רויט גרינע בלויע שנורן
וועבן זיך אין נעצן.
וואו זיינען מיר?
דאָ זיינען מיר!
אין פייערדיקע נעצן,
ראנגלען זיך מיט פעק.

אהרן ראַפּאַפּאָרט

## א

לבנה אין הימל,
שאָטנס אויף דער ערד.
שאַרן מיר זיך, שאַרן מיר זיך
שאָטנס אויף דער ערד.

ביקסן ווי צוגעוואָקסן
אויף שולטערן — אַ צאַם.
סיגאַרעטלאַך אין די מיילער
שטרעקנדיקע קעפּ —
שאַרן מיר זיך, שאַרן מיר זיך
געהאָרביקטע מיט פּעק.

הענט רודערן, שווינגען זיך אום,
קעפּ רייסן זיך, פון צאַם — אַזוי שטום.
שאַרן מיר זיך, שאַרן מיר זיך
שאָטנס אויף דער ערד.

## ב

אויפן באנהויף קופּקעס שאָטנס,
שאָטנס, שאָטנס.
דאָ גע׳מזרח׳ט, דאָ גע׳מערב׳ט,
קעפּ אין ארמס וויגן שאָטנס...
און דאָ צלמ׳ט זיך א שאָטן.
אויפ׳ן ביקס געלענט ;
צלמ׳ט זיך אַ שאָטן.

ג

די באַן קומט אָן, די באַן קומט אָן — די באַן!
אַ פייערדיקע אויג שאַרט, פאַרשאַרט די פינצטערניש
פון וועג.
די באַן קומט אָן, די באַן קומט אָן — די באַן!
אַזאַ ליכטיקע, מיט אַ פרייד — אַ ווייטער.
אַזאַ פלאַפלענדיקע, מיט שטאַט געטומל:
דערציילט דערציילט די באַן, מאָלט די רייד:
— דאָרט געוועזן,
אַהער געקומען,
וועלן מיר ווייטער גיין.
נו, גייען מיר — גייען מיר,
טאָג־ווייס לעבן צעזייען מיר
אויף דער גאָרער גרויער ערד.

ד

ערגעץ איז דאָ איינער — גאָר אַזוינער!
צו זיינע אויגן דערשנירן זיך די וועגן.
דיר אין פּאַק העמדער, שיך און ברויט געגעבן.
גיי! מען וועט שוין פירן אויף די וועגן;
הינטער דיר איז דאָ אַ לאַנד צו זאָרגן,
וועט זיך זאָרגן הינטער דיר דאָס לאַנד.

---

דיר אנטקעגן
אויף די וועגן,
נישטערט ווי אַ הונט דער טויט.

אהרן ראַפּאַפּאָרט

א.

ים.
לבנה־שיין אין וואַסער תהום;
וואַסער גרוי
פליגלט ווייס —
ים רייסט זיך פון זיין הויט.
אַ פינצטערע שיף גנב'עט זיך,
שניידט די הויט פון וואַסער־וויסט —
וואַסער־פויגל, שוימט דער ים
פליגלען ווייס — מיליאָנענווייז.
מיר אין שיף אין געהיים;
ווינט וויגט ים
ים וויגט שיף.—
וואוהין? וואוהין?!
וועכטער, האַלט אַן אויג!

ב

אין העלפאנטן מחנות צעהארביקט זיך דער ים
דאָ אין הארדעס לויפן זיך צעזאַמען —
וואַסער־העלפאַנט שלינגט וואַסער־העלפאנט איין.
און דאָ, איינציקווייז קייקלען זיך פאַנאַנדער —
וואַסער־העלפאַנט הילט אין וואַסער־ליילעכער זיך איין:
איך פאַרנעם די אומרו פון דער וועלט.

אַכצן

ג

בלינדער רוים!
שוואַרצפעליקע נאַכט —
פינצטערע וואָלקנס .וואָגלען:
בליצן—בליאַסק,
חושך פלאַטער —
פייערדיקע בייטשן פאָכן.
כוואַליעדיקער ים,
גרויפעליקער ים,
זוכט אַן אָרט — אנטרינען.
ווינט-געוואוי
אין בויערדיקן וואוי —
וואויעט תוהו ובוהו.
שיף, מיין וויי-וויג!
פינצטערע שיף!
שנייט זיך אין דער נאַכט —
אין שוואַרצפעליקער נאַכט,
צו די וואָגלענדיקע פינצטערע וואָלקנס.

ד

אָט־אַזוי — און אַזוי
שיפט אַ שיף זיך אין ים.
אָט־אַזוי — און אַזוי
שיפט א מענש זיך אין שיף;
זיין אומרו פארגלייכט ער
מיט ים־ווילד אין דמיון.
אין בלוט זיינס דערשפירט ער
די ווילד פון זיין אויפברויז.
און שפּיזט זיינע בליקן,
ווי אַ וואָלף אין דער וויסט,
מיט ווילד פון דעם ים,
מיט ווי אין דער ווילד.
און גיט זיך אין דמיון א וואָרף אויפ׳ן ים,
אין אַ צלמ׳שן פאַל;
געבריל, פון מיין ווי!
כאַאָס, פון מיין זיין!

## ה

די וועלט האָט אַ טרייסל געטאָן — וואַרפט! וואַרפט!
אַ באַציינדלטע ראָד, רעדלט זיך איבער מיין ברוסט
און שליידערט מיך, אַרויף אַראָפּ,
צעטרייסלענדיק מיין געביין.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַלץ שווינדלט — פאַלט! פאַלט!
לופטיקע זיילן ברעכן זיך און פאַלן.
גרין — געל — בלויע זיילן פלעכטן זיך און פאַלן.
שפּיציק צעטרייסלטע בערג, פליען אין הימל,
צעפינטלען זיך אין פינטעלאַך,
דער הימל, אין שמאַטעס צעריסן
אַ באַפינטלטער אין צעפינטלטע פינטעלאַך.

די ערד — אַ פייער-קויל,
צינט ווייס-גרויע שמאַטעס — שטיקער הימל.
דער ים — אַ שווינדלענדיקער וואַסער-שטראָם
איבער'ן פייער-קויל —
טראָגט מיך דורך לופטיקע טויערן,
אין טיפן-טיף פון רוים.
אַלץ איז פאַרביי!
אַלץ איז פאַרביי!
קיין זאַך איז דאָ.
איך, —
אַן אַרויסגעריסענער פון זיך —
בין נאָר דאָ!
בין דאָ!

מיר איז גרינג אַזוי און גוט,
ווינטיק העל צי איך זיך,
קלערער, קלערער אין מיין זיין,
ווי אַ רויך צעגיי איך זיך —
קיין זאַך איז דאָ.
איך בין דאָ! —
אַ פּוסטע קלאָרקייט בין איך דאָ.
— — — — — — — — — — — — —
גרויער, גרויער ווער איך גרויער,
איך — פּוסטע קלאָרקייט — גרויער ווינט,
אין שוואַרצע שוואַרצקייט געיאָגענער,
ווי דורך פינצטערע רערן געצויגענער,
ציט מיך ווער
ציט מיך ווער.
— — — — — — — — — — — —
אָטעם — מיין אָטעם? — מאָדנע!
הענט — מיינע הענט? — מאָדנע!
טאַפּן בלינדע מיינע הענט;
אויגן — מיינע אויגן? — מאָדנע!
קוק איך דורך די אויגן;
אַ נעבלדיקער פאָרהאַנג צעווינטיקט זיך;
איך בין אויף אַ שיף,
הער רוישן דעם ים,
מענטשן אַרום מיר —
מיין גאָט!
איך לעב דאָך.

ז

די שיף —
אַ פאַרוואונדעטע ריזין,
ראַנגלט זיך מיט די כוואַליעס,
פאָכט מיט ווייסע וואַסער־פליגל — ראַנגלט זיך מיט
די כוואַליעס.

אַ גע־ברי־לע־דיי:
קעסל־לונגען רעווען — ראַטעוועט!
טויבע עכאָס פון פוסטע וועלטן
טויבן מיינע אויערן.
און די קוימענס רויכערן זיך נאָך,
נויגן זיך,

תפילה׳דיק בוקן זיך: —
גאָט! דערבאַרם זיך, דערבאַרם זיך.

מאַטראָסן —
צעיאָגטע קעץ אויף די לייטערס,
יאָגן זיך,
דרייען זיך,
ווייסינקע היטעלאך — צעשראָקענע טויבן,
שימערירן אום
הין און הער,
הין און הער.

אהרן ראַפּאַפּאָרט

באַפעלן —
פלאָנטערן, פלאָנטערן,
פנימ'ער — קאַלכיקע פיגורן,
שטאַרצנד אויגיקע,
זוכן זיך גלאָצנדיק פאַרלוירענע.
אַ ציטעריי —
פיבערנדיקע ליפן בלוי־זוימען זיך,
שוואַרץ־זוימען זיך
שרעק־מאַסקן — אַ מאַסקעראַד!

— — — — — — — — — — — — — — — — —

רייען, רייען —
יעדערער אין ריי,
קערפּערס — סטאַטועז.
אָדערן — אָנגעשטרענגטע סטרונעס —
פאַרדראַטעוועט;
קעגן באַיאָנעטן אָנגעשטעלטע
בלוויליכע שאַרפן שפּיזלען אין די אויגן.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

איבער אונז, די רויטע פאָן,
בלוטיקט די לופט —
רייסט זיך אַ צעפלאַטערטע פון מאַסט־בוים, —
דערטראָגן די געפאַר צו דער וועלט.

ז.

ליכטיק —
אַ קלאָרקייט צעליכטיקט זיך;
טאָג אין מיר,
זון אין מיר,
אויגן אַרום מיר
גליען און גלעטן מיך.
איך קוק אין אויגן,
אויגן קוקן אין מיר:
אוי, אַ פאַרשטייעניש,
ביז די שפּיץ פינגער אַ פאַרשטייעניש.
איך און זיי.
זיי און איך — איין איך;
ים וועט פאַרשלינגען
מיט זיידענעם גלעט.
ים וועט פאַרלעשן
אין זיידענער בעט —
וואַסער־גלעט!
וואַסער־גלעט!

## ח

לעבן, מיין לעבן!
שנור־געשנירטער, דורך ליכטיקייט פון טעג,
שוואַרצע נעכט און שוים־פּאַנטאַזיעס,
פאָראויס! פאָראויס!
צום זיבן־זוניקן שפּעטער.
געשנירט און דערשנירט: —
אַ שוואַרצע־שווארץ
אַן אָפּגרונט — אַ תהום!
שדים טאַנצן מיט פייער־שפּריצענדיקן געלעכטער;
דער שפּע—טער,
דער שפּע—טער —
אַזאַ זיידענע, אַזאַ ווייכנקע בעט...

ט

ניטווערן הויערט אויף מיר —
ווידענע געפּעכן פון פליגל
זינגען אין מיינע אויערן.
לויערט איבער מיין קאָפּ:
ניט זיין — ניט ז-ז-יין.
וואויעט מיין זיין:
זיין — זיין! — אוי זיין!
און ניט ווערן הויערט.
אַ שוואַרצע-שוואַרץ הילט מיך איין.

איך — געקוויטש
פון אויסגעשיילטן זיין,
אָפּגעטיילטן ניט ווערן,
קוק אויף זיך;
אַ הויט-זאַק ביינער אויסגעצויגן.
אַן אַשיג פּנים
און שוועבל גרינע רויכערנדיקע אויגן.
באַקן ביינער, סטאַרטשנדיקע,
שרייען צו דער וועלט:
צופרידן?
צופרידן?!

י.

מען קומט!
עס גיט מיך א הויב מיט'ן אויסגעשריי
אַ פלי צו טאָן צו זיי.
איך בינד מיינע בליקן אָן אין זיי:
זייערע שיפלאַך זיינען קליין,
אָבער פלינק —
די שמאָלע נעזער
אַקערן עקשנות'דיק דעם ים,
און יאָגן זיך
צווישן צוויי-בויגיקע ווענט-כוואַליעס —
ראַטעווען!
ראַטעווען!
אַ מילאָנען פיסלדיקע פרייד
צעלויפט זיך איבער מיין לייב,
שטעכן מיך ביז טרערן:
געראַטעוועט!
געראַטעוועט!

יא

דער שונא:
זיינע קריגער האָט ער אין א סאָבמאַרין געשיקט,
ווי אַ וואַלפיש זיינען זיי פון אונטער וואַסער אַרוים;
זיי האָבן געוואַגט —
שטילע בייסנדיקע הינט!
זייער ציל ער האָט געצילט.
די „טאָרפּידא" האָט אונז ניט אויסגעמיטן.
זיי האָבן זיך אונטערגעטונקט,
לעבעדיקע וועלן זיי ניט אַרױף!
אונזער עראָפּלאַן דרייט זיך ווי אַן אָדלער אין דער לופט,
שטעכט מיט שטראַלן אין די רוקנס פון די כוואַליעס,
ווינקענדיק אַזוי — אָט־דאָ — אָט־דאָ!
די פאַרניכטונג שיפלאַך רינגלען אַרום;
אַ קנאַלעריי — פעלזן רייסן זיך אַזוי
טרייסלענדיק די לופט.
פייער־פוקסן ווערן ביים ניט ווערן
לעקנדיק די כוואַליעס.
קאַנאָנען קוילן שפּיזלען דעם ים
מיט אַ זשוזשען וואויען הוזשעריי,
כוואַליעס שפּרינגען אונטער
אין טאַנצנדיקע וואַסער פאַלן טראָפּנס,
טרייבנדיק דעם רויך;

אהרן ראַפּאָפּאָרט

רויך און פייער,
רעטונג
פאַרניכטונג —
פאַראייניקן ים און הימל.
— — — — — — — — — — — — — — — — —
העלדן ;
ניט געוואָלט זיך אונטערגעבן.
ווען אַ קויל האָט זיי צעריסן,
פאַרשלונגען האָט דער ים דאָס בלוט ;
און ערגעץ טובל'ען זיך די גלידער,
ביז אויסשפייען וועט וואו דער ים,
ביז איינשלינגען וועט ווען א פיש ;
העלדן אין דעם לעבן,
הפקר אין דעם טויט.

יב

דער טאָג פאַרגייט;
דער ים הייבט זיך, טובל'ענדיק די זון,
און ווערט פאַרבלוטיקט פון זונעז גלות.
און ווי די ברייטקייט פון ים און הימל
צעוויקלט זיך אַזוי מיין טרוים:
ניט נאָג מיין הארץ, ניט נאָג!
די שיפל פירט אונדז ערגעץ צו אַ ברעג.
און ווי זי וויגט זיך, שניידנדיק די כוואַליעס,
וויגן הערצער זיך אין פרייד.
דער טאָג פאַרגייט.
און ערגעץ שרייבט אַ מאַמע צו איר זון אַ בריף,
און ווי איר הארץ, וואָס וויים ניט פון קיין ,פרייד,
וויים זי ניט וואָס ס'איז געשען;
אַ קויל צעריסן האָט דעם קערפער פון איר זון,
און ערגעץ.וואו, אַ הונגעריקער פיש,
גלאָצט די אויגן שלינגענדיק אַ גליד —
זי וויים עס ניט,
זי וויים עס ניט.

יג

די נאַכט קומט אָן
און הילט אין שוואַרצקייט אַלעם איין.
און האָט דער היינט דיר ווי געטאָן
וועלן זיך פון אַנגסט
דיינע הענט צום הימל שטרעקן
און פאַרברעכנדיק די ליפּן אויף צום וויינען
מיט דיין נאַסן בליק אין שוואַרצקייט איינגעשטאָכן,
וועסטו פילן אַ קנייפּנדיקן ווי
צופּן דיין האַרץ.
און אין קאָנוואולסיוון ציטער
וועסטו אימעצן באַקלאָגן — קלאָג!
עס וועט אַ טאָג — ווידער טאָגן.

(1919)

אהרן ראַפּאָפּאָרט

א

עפּעס האָט אין לופט צעקאָכט זיך,
קאָכט זיך, קאָכט זיך — און פאַרקאָכט זיך;
קעסלען זידן אַזוי
און צעכאָרכלען זיך אין לופט!
ווער איז דאָרט?
אַ שד איז דאָרט!

ב

באַלד וועט דער שד אַ ווינק טאָן, אַ ווינק טאָן,
וועלן שטאָלענע גאָרגלען אַ זינג טאָן, אַ זינג טאָן.
און בערגעלע נאָך בערגעלע אַ פּראַל טאָן, אַ פּראַל טאָן,
און קעפּעלע נאָך קעפּעלע אַ פאַל טאָן, אַ פאַל טאָן.
און הענטלאַך און פיסלאַך, ווי פויגלען אַ פלי טאָן,
און רויטינקע, בלוט אַ זיד טאָן, אַ זיד טאָן!

ג

דער שד האָט זיך געוואָלט אַ שפּיל טאָן,
אַרויסגעשטעלט האָט ער אַ פאָן:
יאָגן רייטער זיך אויף פערד,
טרייסלט זיך אונטער זיי די ערד —
באַרג אַרויף און באַרג אַראָפּ,
קריגער, קריגער אין גאַלאָפּ:
פאַר אַ קאָפּ אַ קאָפּ, פאַר אַ קאָפּ אַ קאָפּ,
פאַר אַ קאָפּ אַ קאָפּ — אַ קאָפּ אין קאָן,
פאַר אַ פאָן!
פאַר אַ פאָן!
און די דרייסטע קריגער יונגען
האָ — פאַ — האָ — פאַ, אויף די זאָטלען —
פּאַטשן אויס אַ ניגון:
עס וועט דער שד שוין זיגן... זיגן!

פיראונדרייסיק

ד

מיר די פוס־גייער אויף די וועגן —
אוי, די וועגן! אוי, די וועגן!
פירן, פירן — און פארפירן —
אונדז די פוסגייער אויף די וועגן.
וויינט דאָס האַרץ און קאַרטשעט זיך;
היים, מיין היים! —
און די פוס־טריט וויינענדיק:
טר־פּ — טר־פּ — טייערע —
היים, מיין היים, מיין טייערע...
וויינען — וויינען — וויינען.

אַ ווינטיק הינדל שאַרט דעם שטויב,
שאַרט און שאַרט,
דרייט דער שטויב זעצט אין פּנים —
אַהיים! אַהיים!
און די וועגן פירן, פירן —
אוי, די וועגן!
פאַראויס די פאָן פלאַטערנדיק
רייסט זיך אויף צוריק...

ה

וואָס זאָל מען טאָן אז דער יאוש שפּיזלט?
וואָס קען מען טאָן?
זינגען מיר דאָס הארץ אַרוים! —
זינגען מיר:
*עס איז נאָך לאַנג, לאַנג צו ווארטן,
ביז וואַרווירקלאַכט וועט זיין מיין טרוים.
און דער ניגון, און דער ניגון —
אוי, דער ניגון!
קאָן דעם יאוש ניט פאַרוויגן,
זינגען מיר:
*וואָס ט'שוין זיין פון זאָרגן?
עס איז ניט ווערט די זאַך...
פּאַק איין די צרות אין דיין אַלטן זאַק
און לאַך... לאַך... לאַך...
און דער ניגון — אויך דער ניגון
קאָן דעם יאוש ניט פאַרוויגן,
שאַלן די טרומייטן:
אַ פלוך — אַ פלוך — אַ פלוך
אין די הימלען אַריין!
אַ פלוך — אַ פלוך — אַ פלוך
צו דער וועלט! צו דער וועלט!

---

* לידער וואָס סאָלדאטן זינגען.

# אויף דער וואַך.

א

נאַכט איבער מיר —
דאָ אין וואלד איבער מיר;
וואלד וויגט זיך פון ווינט —
פליקט זיך פון ווינט.
וואַלד, ווי ער וואָלט מיט שווארצן פעך געפלאָסן,
קנוילנדיק, קנוילנדיק — פון קנוילנדיקן ווינט —
קלעפּט פעכיק מיינע וויעס צו;
שלאָף פאַרבלאַיט מיך — פאַרבלאַיט.
— — — — — — — — — — — — — — — — — — —
פאַלט מיין בליק אויף דער לבנה,
קוקן אויף מיר מיין מאַמעס אויגן:
אַ זעץ די ביקס אָן דרערד
אַ הויב די הענט —
מיין מאַמעס אויגן אויף דער לבנה!
טרערן וויגן זיך אויף אירע וויעס —
מיין מאַמעס צער איבער מיר!
וואָלקנס, וואָלקנס יאָגן,
ווישן מיין מאַמעס טרערן פון די וויעס.
צעטראָגן איר צער איבער דער וועלט —
מיין מאַמעס צער איבער דער וועלט!

ב

מיד בין איך.
מיינע וויעס קלעפּן פּעכיק —
קלעפּן פּעכיק מיינע וויעס.
איך וואַך. — איך וואַך!
מיינע שלאָפנדיקע חברים
האַלדזן זיך איינער דעם אַנדערן —
שלאָפן — חלומ׳ען:
ווען עס וועבט דער חלום היים־פרייד,
מיר היים־וויי.
ווער ווייסט, ווער פון אונדז וועט מאָרגן פעלן?
איך וואַך, — איך וואַך!

ג

שמעלצט מיך, שמעלצט מיך, דער היים־וויי מיינער,
היים־וויי מיינער! היים־וויי מיינער!
זיי האָבן מיך אַהער געבראַכט,
אָפּגענאַרט און אויסגעלאַכט —
נו, האָבן זיי מיך אָפּגענאַרט.
נו, האָבן זיי מיך אויסגעלאַכט.
— — — — — — — — — — — — — — — —
היים־וויי מיינער! היים־וויי מיינער!

## אין די טראַנשייען.

עס קנוילן זיך — קנוילן זיך
שוואַרצקייטס קנוילן;
הילן זיך שוואַרצע — אין שוואַרצער נאָך איין;
לויערט אין שטילקייט
פון שוואַרצקייט אַ שרעק.

אהרן ראַפּאַפּאָרט

א

לאַנג שוין האָט די מכשפה־נאַכט
אירע שוואַרצע קודלעס צעלאָזן.
און דער הערבסט־ווינט, וועלפיש וואויענדיק,
פּאַטלענדיק איבער אונדז צעבלאָזן;
און מיר אין טראַנשייע, מידע אויסגעצויגן,
פלוכן אין דער נאַכט אַריין, רייבנדיק די אויגן.

ב

שפּיזלט זיך די קעלט אין ליַיב,
ציטערן די ביינער;
טוליען מיר זיך איינס צום צווייטן
און עס קלאַפּן צו די ציינער.

שטייט דער וועכטער אויף דער וואַך,
שפּיצנדיק די אויערן;
וועכטער, וועכטער! קומט כאָטש ווער —
רחמנות האָבן — באַדויערן?

ג.

אַ גערויש פון רעדער
צערעדלט זיך ערגעץ אין דער נאַכט,
און עכאָ וויגט זיך רעדלענדיק —
רעדלענדיק אין טיפער נאַכט.
ברעם איך אויף די אויגן מיינע,
האַלט דעם אָטעם איין —
ווער קאָן דאָס זיין?
ווער קאָן דאָס זיין?
— אכטונג!
הויכט ווער אַרויס,
אכטונג! אכטונג!
רוימט מויל אין אויער, מויל אין אויער,
— דאָס דרייט דער שונא אויס
די קאַנאָנען קעגן אונדז;
אויפפלאַמען וועט די וועלט
פאַר׳ן שונא,
אי פאַר אונדז.

ד

וואויענדיק, וואויענדיק פייפט דער ווינט,
די מכשפה-נאַכט, די האָר צעפּאַטלט
ווערט געיאָגט פון גרויען שיין.
און דער ווינט, וואויענדיק וואויענדיק
פייפט אויס מיין זיין.
און אפשר וויינען דאָס אין ווינט
נשמות פון געפאַלענע,
וויינען אויף מיין מזל, צי אויף זייערן?
וואויענדיק וואויענדיק — וואויענדיק אין ווינט?

## אַ ווייטער רוף.

דער הימל רויט,
באַגילט די לופט.
אַ האַנט אַנטפּלעקט,
אַ שטימע רופט.
— — — — — —
— — — — — —
די שטים — פאַרשטומט.
די האַנט — פאַרשווינט.
וואו און ווער?
דער ווינט, דער ווינט...

א

קנאַלן! קנאַלן! קנאַלן!
ברעקלענדיקע קנאַלן —
צעשאָטענע אין וויסטע פון דער וועלט.
פייערן — שלאַנגען, אין שליינגל-געשליינג
קרייציקן אין „קיינעמס-לאַנד“,
גראַנאַטן צעפּלאַצטע רייסן די בערג
און לעכערן די שוואַרצקייט מיט פייערן.
אייזן און שטאָל צעשמאָלצן אין לאַווע.
צערייסן די וואָלקנס אויף שטיקער.
פייערן! פייערן!
שפּאַלטן די שוואַרצקייט
און ווערן פאַרשלונגען אין תהום פון דער נאַכט.

אָט — אָט:
מענטשעלאַך, מענטשעלאַך, שפּרינגען פון גראָבנס,
שווערדעלאַך, ביקסעלאַך, שימערירן אין שוואַרצקייט,
אַ שפּרונג, אַ טאַנץ — און אַ שאָס.
אָ! אָ!
עס באַגעגענען זיך מענטשעלאַך, ברידערלאַך,
פּנים צו פּנים געוועגט;
און טאַנצן אַ טענצעלע
פאַר קרייציקע פייערן,
פייערן אין „קיינעמס-לאַנד“.

ג

ווער טאַנצט דאָס דאָרט מיט זיי ?
אַן אַנדערער, אַן אַנדערער !
און איך בין דער —
דער אַנדערער,
דער אַנדערער פון זיי.
און זיי ווי איך, און איך ווי זיי.
טאַנץ אויס, דעם טאַנץ פון טויט :
איך אָט דער
דער אַנדערער,
דער אַנדערער — מיט זיי.

(1919)

אהרן ראַפּאַפּאָרט

## מיד

פינצטערניש ;
שוואַרצקייט פאַראייניקט הימל און ערד,
איך ליג אין נאַסן גראָבן — פון מידקייט צוגעשמיט,
בלאַיאיק מיד — שוואַרץ און רוי בין איך.
פיל איך
איך בין די רויע, שוואַרצע, בלינדע וועלט.
עס איז שטיל.
אָפּגעווישט זיינען שוין די לעבנס,
נאָר עפּעס אָטעמט נאָך אין מיר,
פון מיר — די שוואַרצע, רויע וועלט.
אַלץ רוט.
נאָר די וואָלקנס —
פעלן ווייכע, פון אויסגעשיילטע חיות,
שווימען אינ׳ם שוואַרצן רוים אַרום ;
זכרונות פון אָפּגעווישטע לעבענס,
פון אָפּגעווישטע וועלטן.

זעקסאונפערציק

דורך פייער ווענט

# איינזאַם.

אין איינזאַם-טרויער
וויגט זיך, וויגט דאָס האַרץ.
שיינבליק-גרויער, גרויער
הילט זיך איין אין שוואַרץ.
שלינגט מיין אויער שוואַרץ-געיאָמער
מיאָ—או—או—או.
קאַצן מיילער אין דער שוואַרצקייט :
מיוען : מיא—או—או—או.
דרינגט אַ שטראַל אַדורך קעגן איבער,
איז אַ גאָלדן פאָדים
דורך מיין פינצטערניש אַריבער :
גאָלדיק !
שוואַרצקייט ! —
קנאָכן ביינער פון סקעלעטן,
פון די גריבער קריכן, קריכן —
איבער פאָדים טאַנצן, טרעטן
אין אַ ריי
מיט געדריי.
צווישן זיי
די קעפּ פון גריבער,
איבער'ן פאָדים פליען איבער
הין און הער
הין און הער.

— — — — — — —

העי סקעלעטן פון די גריבער !
העי גאָלדן פאָדם
רייס זיך איבער —
רייס זיך איבער !

זיבנאונפערציק

אהרן ראפאפארט

# חברים.

— חברים ניט געזאָרגט!
פרייהייט איז געגעבן דאָ
צו האָפן ביז דער לעצטער שעה...
נו, עפנט אויף די פלעשער!
די גלעזער דערהויבט!
ווען עס גוסס'ן די שעה'ן
זאָל אַלעס זיין דערלויבט...

— ווער קימערט פאַרן לעבן,
ועמן שרעקט דער טויט?
איין ברירה איז געגעבן —
אַ דערלייזונג אין דעם טויט...

— אום וואויל זיין אונדז חברים
טרינקט די פלעשער אויס!
לאָמיר זיך פאַרגעסן
אין דעם ווייַן בערויש...

— חברים צו געזונט!
אַז טרינקען, זאָל פאַרטרונקען זיין!
צו באַלזאַם — מאַכט די פיין.
הפקר אונדזער לעבן!
הפקר אונדזער טויט!

(דאָס ליד ווידמע איך: אהרן קארלין)

פופציק

## מעק׳וואַיער

מעק׳וואַיער דער פויסטן־העלד,
וואָס באַליידיקט אַלעמען — לויט דעם שטאַם;
שרייט מיר אַריין אין פּנים:
— פאַרדאַמטער איד — פייגלינג!
קעמפסט אפילו ניט אויס.
איך קוק אים אָן;
וואָס אַרט מיך זיין באַליידיגונג?
מיין כבוד זאָל מיט אים ניט רוען;
נאָר זיין נאָז,
אי רויט,
אי קרום,
גיט מיך מיט׳ן רויטקייט אַ ברען —
אַ מענטש זאָל האָבן אַזאַ נאָז
און קייען טאַבאַק.
— גוט, האָב איך געזאָגט: — הויב אָן!
מענטשן אַ ראָד,
מיילער לאַכן מיט דרייענדיקע רויטע צינגער
בליאַסק פון ציינער,
זשאַדנע אויגן.
— — — — — — —

ערד צעוויגט זיך אונטער מיר,
הייב — הייב — אין דער לופטן,
ראָד מענטשן דרייען זיך און טאַנצן
אַלע — אַלע — טאַנצן:
הייזעלאַך, פענצטערלאַך דרייען זיך און טאַנצן.
וואלד אין געדריי,
בערג אין געדריי,
טאַנצן אַריין אין הימל.
און רויט נאָז טאַנצט
אַרויף, אַראָפּ,
אַרויף, אַראָפּ — ציענדיקע סטיינגעס:
אוי אַ נאָז —
זעץ אין נאָז! — זעץ...
אוי אַ נאָז —
זעץ אין נאָז! — זעץ...

נאָז צעוואַקסט זיך אין אַ זון,
זון גיט אַ פאַל אויף מיר,
צעשפּליטערט זיך אין שטערנדלאַך,
רעדלענדיקע שטערנדלאַך איבער מיר
רעדלען זיך און פליען —
פליען זיך צענויף אין אַ זון:
זעץ — זון!
זעץ — זעץ — זון —
זעץ...

און דער טאָג האָט געזען,
ראד — מענטשן האָבן געזען:
זון בליט רויט, מיט אונטערגאַנג,
מעק׳וואַיער ליגט,
נאָז און ליפּן בליען ווי די זון,
מענטשן שטרעקן קעפּ ווי הענער —
מעק׳וואַיער דער ה׳ה׳הע—ל—ד?

דער קאַפּיטאַן רופט מיך צו
ער איז אַזוי פּאַטערלאך:—
— דו ביסט דרייסט און פלינק זאָגט ער,
מיט פויסטן, אַזעלכע האַמערדיקע.
גוט.
אָבער אַזוי נוצן הענט, נוצט מען נאָר פאַר׳ן שונא;
„יעס — סער“, האָב איך סאַלוטירט — און אַוועק.
— — — — — — — — — —
נאָר ביינאַכט האָבן נעזער געטאַנצט און ליפּן געבליט
אויף די ווענט און סופיט...

אהרן ראַפּאַפּאָרט

## זיי דרייסט, מיין טייערער.

רויזיק פּאַפּיר.
בלויע טינט —
די אותיות טוקן זיך און טוקן;
— זיי דרייסט מיין טייערער — זיי דרייסט.
אין אונדזער צער דעם ביטערן, זיי דרייסט.
די אותיות טוקן זיך און טוקן.
דאַן, באַגלייט איך איר
מיט אונטערגייענדיקער זון, באַגלייט איך איר —
וועכטער ביי די טויערן!
אַ דריק די האַנט — אַ קוש —
— זיי דרייסט מיין טייערער — זיי דרייסט,
אַ לעצטער בליק — וועלטס האָפנונג.
זי גייט, זי גייט; דער שאָרך פון קלייד
האָט אַ זונג געטאָן אין מיינע אויערן,
אַוועק — אַוועק געגאַנגען —
וועכטער ביי די טויערן!
אַן אָפיציר גייט מיר פאַרביי,
מיט אונטערגייענדיקער זון אין די בליאַסקענדיקע
שטיוועלאַך
עס הייבט זיך ניט מיין האַנט — סאַלוטירן.
ער קערט זיך אום;
זיינע אויגן — קאַך־קעסעלאַך — פעך קאַביקע,
די פאַרשפּיצטע וואָנצעלאַך וויברירן — בליאַסק פון
ציינער;

איך שטרעק אויס מיין האַנט,
אַזוי, אַ, שטומערהייט צו דער זון — מיין האַנט —
דאָרט! ;
אַ ווייסער וועג,
איר ווייסע קלייד פלאַטערט ביים רויטן האָריזאָנט
באַרג אַרויף, באַרג אַרויף.
ער, — אַהין אַ קוק,
אויף מיר אַ קוק ;
שעפּט אָן פולע אויגן זיינע — פון מיין צער
און איז אַוועק — אַוועקגעגאַנגען.
איך בייג זיך אָן :
אַט־דאָ־אָ איז זי געשטאַנען
אַט־דאָ־אָ. — וועכטער ביי די טויערן !
נעם אַ הויפן זאַמד פון איר פוס־טראָט —
גיי נאָך אים, גיי נאָך אים...

— — — — — — — —

אונדז אנטקעגן,
מיט שוואַרצע פליגל פאָכנדיק קומט די נאַכט.

ב

צום געצעלט צוגעקומען — די טוך אָפּגעשאַרט
איז דער צער פון דער וועלט, מיט מיר אין געצעלט אַריין.
איך לייג זיך אין בעט — אין רויך־גרויען בעט,
און אַ עגבויערוואָרט בויערט זיך אין מיר.
איך ליג אין בעט — אין רויך־גרויען בעט
און דער צער פון דער וועלט הויערט אויף מיר.
אַ לאַמטערן שיין דרינגט אין מיין געצעלט אַריין
דזשינגגאָלירט קעגן מיר,
אַ צעבליטער פאַר פרייד;
אַזוי מוזן זיך פרייען, נשמות דערלייזטע
וואָס זיינען פון גופים לאַנג שוין באַפרייט.
און איך האָב ניט קיין פרייד,
און איך האָב ניט קיין פרייד;
שפּיז איך מיין בליק אין מאָרגן אַריין —
אין אַ וועלט פון צער, ווי ווערט מען דערלייזט?
און זוך מיר אַ טרייסט
און זוך מיר א טרייסט:
— — — — — —
זיי דרייסט מיין טייערער — זיי דרייסט!

דורך פייער וועגט

# מײַן מאַמע.

מאַמע — מאַמע מײַנע!
מיט מײַן אויפלעב אין די אײַנגעווייִדן דײַנע
האָט ברייטער צעליכטיקט זיך דײַן זינען —
לעבן דײַנער — לעבט אויף.
זינט דאַן — לעבן דײַנער, וואו איך זאָל זיך ניט געפינען
פאָלגסטו מיך נאָך, און היטסט מיך אָפּ אין זינען.

שיפן גייען, שיפן גייען אונטער
כוואַליעס טורעמען זיך — טאַנצנדיקע האָזן מונטער
פאָלגן נאָך מײַן שיף, און מײַן מאַמע מיך אין זינען,
שלינגען אײַן מײַן שיף,
אויף דעם ברייטן ים אין דעם טיפן ים;
און מײַן מאַמע היט, און היט מיך אויס אין זינען.

אַן אַרמײַ.
עס ברענט אַ וועלט — איך מיט זיי.
אַרמייען קעגן אַרמייען שטייען אויף —
שראַפּנעלן רײַסן די ערד אונטער מײַנע פיס,
און מײַן מאַמע פאָלגט מיר נאָך אין זינען;
היט מיך, און היט מיך אויס אין זינען.

זיבנאונפופציק

אהרן ראַפּאַפּאָרט

## אין פרעמדן לאַנד.

אָט־דאָ־אָ
גיב איך שטונדנוויים לעבן — באַוואַכן אים
אָט־דאָ־אָ
גיט ער שטונדנוויים לעבן — אַ באַוואַכטער זיין,
ווילן מיר אין אונדזער עלנדקייט
די הענט זיך געבן ווי חברים צוויי:
כאַפּן אונדזערע בליקן אויף
אויף די קעפּ די היטעלאַך;
זיינס — אויפגעבלאָזן גאווה'דיק.
מיינס — ווי אַן ענטלע —
זיצן אויף די קעפּ די היטעלאַך;
און די האַנט איז מיט ביקס פאַרנומען
אַ חבר געבן, אין עלענדקייט,
אין אַ פרעמדן לאַנד
אין אַ ווייטן לאַנד.

# טויט, מיין חבר.

(שמואל ראפאפארטן — צום אנדיינק)

אין טויבן־טיף האט מען אים אראפּגעגרונט,
מיט זיין באדן דא, אים דארט צוגעדעקט.
און געלאזט נאך זיך א יללה־טאן —
צו דער וועלטס יללה: אויסלעבונג.
און דורך די נעכט אין טויב־שוויגעניש,
עפנט ערד איר שווארצן מויל
קומט ער ארויס צו מיר מיט ערד אויף אים,
רעט צו מיר מיט פינצטערניש
רייד אזעלכע שווארץ־קנויליקע:
—ווייסט —
ניט טויט!
אויסלעבונג!
הערסט די יללה פון דער וועלט?
איך כאפּ זיך אויף א דערשראקענער,
רוף זיין נאמען — קיינער ענטפערט ניט,
נאר נעבן מיר פיל איך אים,
ווי די נאכט אויף מיר,
ווי די רויע ערד.

טויט, — מיין חבר.
א שטיין וואס איז אמאל א טייל פעלז געווען —
זיין איינציקער אנדיינק.
וואלט באטש א קינד געווען,
לעבן פון זיין לעבן — דור נאך דור זיך אויפצולעבן
וואלט די יללה פון דער וועלט. ווי דורך טויבע ווענט
אזוי ניט געקלאגט פאר מיר —
טויט, מיין חבר.

אהרן ראפּאָפּאָרט

## אין אַ שטאַל זיינען מיר געזעסן.

מיר זיינען אין א שטאַל געזעסן,
געריייניקט די ביקסן — גערעדט פון מענטשלאַכקייט.
„דזשים נעבראַסקער“ גיט אַ וויַיז די הענט;
וויפיל וויַיץ זיי וואָלטן צעזייען!
און זאַקס נויאָרקער, בארימעריש:
וויפיל מאַנטלען זיי וואָלטן צענייען;
גיהנום טייפלשער!
וויפיל זיי וואָלטן נאָך צעזייט...
וויפיל זיי וואָלטן נאָך צענייט...
און „סארדזשען-דזשאַן“ לייענט אַ בריף,
לייענט, לייענט — ווערט צונטער-רויט;
— אַזאַ הינטיש — ניט מענטשלאַכער!
דער שכן „פרעד“ האָט מיין הונט דערשאָסן.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

מיר זיינען אין א שטאַל געזעסן,
גערעדט פון מענטשלאַכקייט — צום שלאַכט געגרייט זיך.

## עספּאַנזאַ.

די נאַכט איז בלינד,
מיר, אונטער רעגן, אונטער ווינט,
דעקן איין אַ פעלד.
און דער רעגן און דער ווינט —
איינגעגעסענע הינט.
אַמאָל — אַמאָל — איז אַ היים געווען
אַ דאַך געווען,
אַ בעט געווען.

עספּאַנזאַ טרייסט זיך:
אַ קויל וועט אַ פּלי טאָן,
מאַכן דעם שפּיטאָל — אַ היים...
און אַ דאַך איז דאָ,
און אַ בעט איז דאָ,
ווייך און ווייס —
און נויערסעס זיינען דאָ;
אַזעלכע ווייכע הענט האָבן נויערסעס
און גלעטן אַזוי,
און צערטלען אַזוי.

אהרן ראַפּאָפּאָרט

— אַז אַ קויל וועט אַ כאַפּ טאָן
דיין נשמה — עספּאַנזאָ,
אין גיהנום אַריין,
אין גיהנום אריין,
וואָס וועט פון דיר ווערן — עספּאַנזאָ?
— א געשטאַנק, ווי די וועלט,
אַ געשטאַנק, ווי די וועלט —
ווי פון דיר, וואָס וועט ווערן — מיין ליבער.

און אַז אַזוי, צי אַזוי
וועט אַזוי פון אונדז ווערן — עספּאַנזאָ,
פאַרוואָס, איז דער קאַמף אַזוי רויט?
פאַרוואָס איז דער קאַמף אַזוי רויט —
אַז אַזוי, צי אַזוי, איז אונדזער סוף אַזאַ — עספּאַנזאָ.
— ווייל גאָט דער האַר נעמט און כאַפּט זיך אַרוים
מיט אַ וויץ
און אַ וועלט איז געוואָרן,
און אַ וועלט איז געוואָרן! —
מיר, דער געלעכטער — אַזאַ רויטער, רויטער געלעכטער.

דורד פּייער וועגט

# אַ ציגאַרעטל גליט אין מיינע ליפּן.

גאָט מיין גאָט!
וויפיל איך האָב געליטן:
איצט ליג איך דאָ מיט דער ביקס געאַרעמט,
אַ ציגאַרעטל גליט אין מיינע ליפּן.
און קוק,
ווי דער גלי פורמט פייער־שיינענדיקע־פּאַנען אין דער נאַכט.

ערגעץ איז דאָ אַ שונא,
גוט, זאָל ער קומען —
(ניט נאָר שנאה נעסטיקט זיך אין הארצן)
איך ליג און האלט די ביקס געאַרעמט,
אַ ציגאַרעטל גליט אין מיינע ליפּן.

און אפשר האָט מען אונדז נאָר איינגערעדט
קיין שונאים איז נאָר אויף דער וועלט ניטאָ.
איך ליג זיך דאָ גלאַט אַזוי
מיט דער ביקס געאַרעמט גלאַט אַזוי —
אַ ציגאַרעטל גליט אין מיינע ליפּן.

פינפאונזעכציק

# נאָך דער שלאַכט.

די וועלט האָט געקרייציקט מיין געוויסן,
שרייט מיין געוויסן אין דער וועלט אריין.

א

נאַכט.
אַ שוואַרצקייט־ים
הילט איין די וועלט אין טרויער.
דער הימל,
אומגעקערט ווי אַ בלייענער באסיין —
גרויער... גרויער... גרויער...
איך ליג געשמידט צו דער שוואַרצער ערד
און שמעלץ זיך פון דעם טרויער.

ב

מיליאָנען אויגן האָט די וועלט,
און זען — זעען זיי מיך ניט.
מיליאָנען אויערן האָט די וועלט,
און הערן — הערן זיי מיך ניט.
זעט די וועלט ניט, ווי איך טראָג
אירע ליידן, פּלאָג נאָך פּלאָג.
הערט די וועלט ניט ווי איך קלאָג
אויף מיין מזל, טאָג נאָך טאָג.

ג

ווי פון אַ קינאָמאַטאָגראַף אַרויס
צעוויקלט זיך פאַר מיר בילד נאָך בילד:
אַן אַטאַקע:
אַלע לויפן.
צעיאָגטער רויך מיט פולווער־געררוך,
שפאַרט אין די פּנים׳ער.
פייער־גאַרבן שוועבן אין דער לופט,
און טורעמען אין רויך, פייער־שיינענדיקע ווענט.
קוילן,
הו—הע—הו—יען—הו—הע—הו—יען!
ווי אַ וואָיען פון וועלף, מיט ווינטן צוגעשפּילט.
— מאַרש! מאַרש! — פייער!
— טראַ־טאַ־טאַ־טאַ.
שנירעלאַך גאָלד, פון אונזערע ביקסן,
פלאָנטערן זיך אין רויך.
— מאַרש! מאַרש! — פייער! —
— באַיאָנעטן־צוג!

— — — — — — — — — — — — — — — —

— באַי—אָ—נע—טן!
— באַי—אָ—נע—טן!

רויך... רויך...
טויבע עכאָס פון ברענענדיקע וועלטן.
טויבקייט אין די אויערן.
רויך... רויך... :
שארנדיקע,
געהארביקטע,
שאַרן זיך — שאַרן זיך :
קעפּ — אויסגעצויגענע,
אויגן — צעשריגענע,
באַיאָנעטן בלויליכע.
רויך... רויך...
טויבקייט אין די אויערן :
די ערד שווימט ! די ערד שווימט !
שפּיז בליק — שפּיז !
די ערד — שיף, האָט זיך אָפּגעריסן פון׳ם.אַנקער.
— — — — — — — — — — — — — —
העי — ה־ה־ה־ע־ע־עי !
צעקלונגענע קולות אין קאָפּ.
ווייסקייט אין קאָפּ.
רויך.. רויך...
העי—העי !
ווער האַלט די ערד צוריק ?
סיליועטן —
שארנדיקע — שארן די ערד צוריק...
העי—העי !
ניט האלט די ערד צוריק !
די ערד צוריק !

— או־ר־ר־ר־אַ !
פראלנדיקע מיילער,
ברילנדיקע מיילער ;
ערד טאַנצט —
פייערדיקע רעדער !
דרייען זיך, דרייען זיך.
רויט... רויט...
אַהאַ — אַהאַ !
אַ באַיאָנעט, דורך א פייערדיקע ראָד קעגן מיר !
רויט... רויט...
זעץ באַיאָנעט — זעץ־זעץ !
שטיך—שטאָך !
שטאָך—שטיך !
אָהאָ — אָהאָ
אַ גומי־פּנים — אַ קרים — אַ צוצי...
צי — צי !
דריי—דריי !
ב־ר־ר־ר...
— — — — — — — — — — — — — —
פּאַלנדיקע מענטשן :
כאָרכלענדיקע העלדזער.
קערפּערס — דרייענדיקע שלאַנגען
אויסגעשטרעקטע הענט
הענט, הענט — פּלאָנטערן זיך פאַר די פּיס :

— מאַרש ! מאַרש !
ערד שווינדלט !
אויסגעשפּיצטע שווארצקייטס־פּרענטלאך
שיטן זיך פון די אויגן,
וועבנדיק בלוט אָדערלאַך אין דער לופט.
— מאַרש ! מאַרש ! —
נאָך איבערגעבליבן !
אי־בער־גע־בלי־בן !
דערגרייכן ניט באַיאָגעטן,
דעריאָגן קוילן :
אַ קנאַל — און אַ פּאַל,
אַ קנאַל — און א פּאַל,
קנאַלן... קנאַלן...
פּאַלן וועלן זיי אלע !
פּאַלן וועלן זיי אלע !
קנאַל ! קנאַל ! קנאַל !
— האלט !

— — — — — — — — — — — — — —

איר־ר־ר־ד — אור־ר־ר־ר־א !
אַ זיג, אַזאַ !
אַ ז־ז־ז־יג !

ד.

אַ שוואַרצמוויליק פעלד — רויטפלעקיקע,
ריטשקעלאַך... ריטשקעלאַך...
מענטשן, פערד, וועגענער;
אויען — וואויען — רויענראַש,
מיש־מאַש! מיש־מאַש!
קאַנאָנען —
רעדער אין דער הויך, העלדזער אין דער נידער —
רויכערן זיך.
פערד — קריכנדיקע,
קעפּ — הויבן זיך, וויגן זיך,
גריוועס פּלאַטערן —
באַץ קאַפּ — הייב — הייב — באַץ...
קיי ערד — קיי!
פּיס אין דער הויך, מיט קלאָען געקעפּט —,
דריג — דריג!
בייכער — אָנגעבלאָזענע באַלונען;
נעם און פּויק...
פּויק! וואַנזינקאָפּ — פּויק!
פיינדס בלוט,
פריינדס בלוט,
פערדס בלוט,
גיסן זיך צענויף.
די ערד — אַ מאַמע אַ געטרייע —
זאַפּט איין!
און די זון — אַ, די ז־ז־ז־ון!
אַ גליענדיקע אַזאַ,
אַ לאַכנדיקע אַזאַ —
קוקט צו;
ווי עס וואָלט קיינמאָל גאָרנישט, גאָרנישט נים געווען.

ה

מיין באַיאָנעט איז רויט —
שטעך איך די ערד מיט אים;
שלינג — שלינג! — מוטער׳ל — שלינג!
שטעכנדיק אַזוי —
פאַלט מיין בליק:
זע! זע!
אַ האַלבע באָרד זיינע
מיט דער הויט אַראָפּגעשונדן —
און רויטער נאָך פון מאָנבליט איז די וואונד.
פון אונטער׳ן שטערן צוויי גריבעלאַך —
שוואַרץ-באַזוימטע שיסעלאַך.
בלוט אין די גריבעלאַך,
פינטעלאַך אין דאָס בלוט —
גלאַנצן די פינטעלאַך,
פינקלען מיט צוויי פייערלאַך.
און די פייערלאַך שטעכן, שטעכן
טיף אין די געהירן שטעכן. —
פאַרקרימט זיך מיר מיין מויל — שליסנדיק אַן אויג;
העי דו —
לעש אויס די פייערלאַך!
די פייערלאַך!

ז

איצט וויגן זיך די גלאָקן —
צעוויגן זייער ליגן איבער בארג און טאָל.
איצט וויגן זיך די גלאָקן.
מיט שלעפּ פון שטריק, דערפילט דער גלאָק
האַנט־געצי — הארצנס שלאָג.
איצט וויגן זיך די גלאָקן. —
וויין ניט, וויין ניט, ווייב נאָך מאן —
טרי־אומף... טרי־אומף...
וויין ניט, וויין ניט, מאַמע נאָך זון —
טרי־אומף... ט־ר־י־אר־מף...

אז דער ליגן זייער ליגן — האָט פארנארט,
גענויגט אונז און געבויגט אונז אין דעם פיין,
זאָל דער ליגן — זייער ליגן — אונדזער אמת זיין:

— — — — — — — — — — — — — — — —

קומאום! אלטוועלט — קומאום!

(1920)

אהרן ראַפּאַפּאָרט

## שרייבט מיר מיין שוועסטער.

— וואָס דאָ האָט זיך אָפּגעטאָן דעם עלפטן נאָוועמבער,
דעם עלפטן נאָוועמבער:
וואו עס איז נאָר געווען אַ פּייפל — האָט אויסגעפּייפט
אונדזער פרייד! אונדזער פרייד!
וואו עס איז נאָר געווען אַ גלאָק — האָט אויסגעקלונגען
אונדזער פרייד! אונדזער פרייד!
פרויען זיינען ווי מיידעלאַך געוואָרן,
מענער זיינען ווי אינגעלאַך געוואָרן —
אַזאַ פרייד! אַזאַ פרייד!
אַזאַ שפּרודלדיקע פרייד.
לויפט אַ ברייטע אידענע מיט ברייטע טריט איבער
די גאַסן,
אַ טאָץ אין איין האַנט — אַ וואלגער־האָלץ אין דער
צווייטער —
פּויקט; אָבער... אָבער...
(מער ווי אבער קען זי ניט אַרויסרעדן,
מיט דאָס איבעריקע פאַרכלינעט זי זיך...)
אַן אלטער איד, אין אַ פּורים היטל,
אַ פלעשל אין איין האַנט — אַ גלעזל אין דער צווייטער —
טאַנצט: „אידן! עס איז דאָך שלום אויף דער וועלט —
שלום!
טאָ מאַכט־זשע אַ ל—ח—יים — און אלע,
לחיים זיידע! לחיים!
איך האָב אויך געזען,
דאָ און דאָרט דורך אַ פענצטער,
דאָ און דאָרט, אין אַ קאָרידאָר,

דאָ אַ פרוי, דאָ אַ מאַן,
האָבן אַזוי געוויינט — אַזוי געוויינט —
איך האָב פאַרשטאַנען...
נאָר די פרייד האָט מיך אַוועקגעריסן,
ווי פאַר די אויערן אַוועקגעריסן.
מוזיק שפּילט!
דאָס האַרץ איז ניט בכח די פרייד צו פאַרטראָגן,
זעצט דאָס האַרץ מיט פרייד אין,אַלע גלידער —
טאַנצן מיר — אַלע, אַלע טאַנצן מיר.
קאָנפעטי פליט פון אַלע פענצטער, אַלע דעכער,
און מיר טאַנצן,
אונטער אַ רויט גרינעם ווייסן בלויען שניי — קאָנפעטי,
טאַנצן מיר — דעם אַלוועלטלאַכן טאַנץ;
מיר האָבן אַזאַ צער געהאַט;
אָבער זינט ערד איז ערד, און מענטש איז מענטש,
איז אַזאַ פרייד ניט געווען:
שרייבט מיר מיין שוועסטער.

---

יאָ — יאָ!
הוליע, הוליע, מיין צוואַנציקסטער יאָרהונדערט!
אויף קוליעס, קוליע—קוליע.
עס שווינגט זיך אום זיין תליון-פּוס
אויף חורבות. הוליע, הוליע!

## אויף די חורבות פון פראנקרייך

(הערבסט 1918)

פייערן האָבן זיי צעצונדן —
וועלטן פארלענט !
א שד האָט די קוילן געשארט —
און האָט זיך די הענט נים פארברענט.

זיבנאונזיבעציק

א

הערבסט, הערבסט.
ווינד און וויי וויינט אַרוים פון אַלע וועלטן.
הערבסט, הערבסט.

מיט מיין יונגן שפּרודלדיקן לעבן
טרעט איך אויף דיין ערד — אָ, פראנקרייך!
ערד פון חרוב'ע וועלטן.
מיט מיין בליק געשפּיזט דורך ,דער פלאַכערד
זע איך זיי —
פאַרשטיקט, פאַרשטיינט,
ליגן זיי דאָ.
דער סוויסטש פון ווינט,
טראָגט אום די אָפּגעהאַקטע קרעכצן.
און אין יעדן ווינקעלע נורעט זיך דאָס לעבן —
וויינט — זיך אויסצולעבן.
הערבסט, הערבסט,
מיט מיין טראט, טרעט איך ,אַ וועלט
און הער דאָס געוויין פון פאַרשטיקט, פאַרשטומטע וועלטן.

ב

אָ, פראַנקרייך!
שוואַרצע ראָבן פלאַטערן, אין נעבל, איבער דיינע חורבות,
וויגן זיך אויף צווייגן פון אויסגעדרייטע ביימער —
גלגולים פון שוואַרץ־געוויסן,
וואָס קראַקען אויס דעם עכאָ פון די ,מעשים.

און וואו ניט וואו,
רונד אַרום — אַרום אַ ווילדן וויסטן שייער,
פליען טויבן אין געדריי און לאָזן זיך אַרונטער;
שאַרן זיך וויגנדיק אויף די רויטע פיסעלאַך —
שוועבן אונטער;
פון ערגעץ־וואו אַ קאַץ — אַ שפּרונג — אַ כאַפּ!
און פעדערלאַך צעפליען זיך מיט'ן ווינט.

און דורך די נעכט ווינט־געיאָמער — שוואַרץ־געוואָי
דערמאַנט מיך אָן קינדערלאַך יתומים:
גיסט ווי הייסן בליי אין מיין נשמה
דורך די נעכט דער ווינט־געיאָמער — שוואַרץ־געוואָי.

זיצט אַ הונט אויף אַ בערגל אַש —
אַמאָל זיין היים געווען;
פירט אום זיין קאָפּ פאַרוואָרפן אויפ'ן רוקן
און צעוואָיעט זיך אַזוי:
וויינט דער הונט די בייגקעניש, מיין בייגקעניש אַרוים.

ג

געהייליקט פון טרויער, גיי איך דאָ אום
און עפּעס אַ שווייגנס ווינקט אַזוי שטום:
אָט דאָ — אָט דאָ —
אַמאָל איז געווען
אָט דאָ — אָט דאָ —
אַמאָל איז געווען.

און איצט בין איך דאָ.
און טרויער איז דאָ —
טרינק איך דעם טרויער ווי ווייַן;
צי דען קאָן מען וואו נאָך ווען.הייליקער זייַן,
ווי אומגיין אויף חורבות —
טרינקען טרויער ווי ווייַן.

די ערד וואָס אומארמט שוין —
דערוואַרמט שוין,
און דאָס לעבן ווײַנט זיך אויסצולעבן.
ווער וועט לעבן יענעמס לעבן?
אַז יעדנס לעבן ווײַנט — זיך אויסצולעבן.

ד

נאַכט־וואַך, —
זיידענער נעבל
גלעט מיך ווייכפינגערדיק און גלעט,
וויל איינשטילן אַ וויי, וואָס לאָזט זיך מער ניט שטילן —
גלעט מיך ווייכפינגערדיק און גלעט.
ווינט רייסט דעם נעבל פון די קברים;
וואוילן פלאַטערן אין לופט —
אַ טאַנץ, פון שווארץ און גרוי צעפינטלט מיינע בליקן
און ווילדערדיקער, ווילערט זיך דער טאַנץ.
דוכט זיך מיר: די קברים רוקן זיך צו מיר,
רינגלען מיך ארום און מאַנען:
— ווער וועט אָפּ־לע־בן?
— ווער וועט אוים־לע־בן?
— וו־וו־וו־ע־ע־ער?
ווינטן וויכערן,
וואולן פלאַטערן.
די יללה פון דער וועלט אין מיינע אויערן.
אַ געשטאַלט, ווי מיין געשטאַלט,
גיט אַ שוועב צו מיר פון נעבל,
מיט אויסגעשטארצטע פינגער שפּיזט מיר אין די אויגן.
גיט אַצונד אַ שוועבל־רויכערנדיקן בליק
דרייט זיך איין אין אַ פראגע־צייכן — פאַרשווינדט.
וואו בין איך — וואו?
דאָ בין איך!
איך — נעבל — וויי — און ווינט.

ה

פרימאָרגן קומט, פרימאָרגן קומט,
ווייס און מאַט.
פייכט און מאַט.
רויכעלאך ווייס — פון פאַרלאָשענע פייערן.
הימל, ווייס —
פון גאָטס אויג ניט געצונדן,
הילן איין די פאַרוואונדעטע וועלט...
— — — — — — — — — — — — — — — —
פרימאָרגן קומט.
פרימאָרגן קומט.

(1920)

## ט ר י ט.

(רוסלאַנד געווידמעט)

טאַג, מיין טאַג — יונגינקער מיינער!
זשיר... זשיר... פאַר דער זון —
קלעפּיק רויטינקער מיינער!
נאַכט, שווארצע נאַכט —
רוי־איינעסנדיקע מיינע!
חלום... חלום... דורך דער נאַכט —
חלום, בליענדיקער מיינער.

אהרן ראַפּאָפּאָרט

א

אַ רויע, שוואַרצע נאַכט.
און אין דער נאַכט —
אַ הויך אַזאַ,
פּלעמלט די שוואַרצקייט פון דער נאַכט —
פּלעמלט די שוואַרצקייט פון דער נאַכט.

ב

ווער הויכט דאָס דאָרט אין דער נאַכט אַריין?
העי! הויכנדיקער דערנאָהענט זיך!
בלינד ווי מיינע הענט — אויך זיינען
מיינע אויגן אין דער נאַכט.
און אויב דו וועסט מיך אָפּנאַרן
אין דער נאַכט דער פינצטערער —
שטאַרקע זיינען מיינע הענט.

ג

עפּעס שאַרט זיך,
עפּעס שאַרט זיך —
גומיווייך, שלייכנדיק,
באַ דער וואַנט,
דער רויער וואַנט —
די שוואַרצע פעל — נאַכט;
הויכט אַ הויך — ווי פון אַ ווילסט אַרוים —
פליקט די פעל — שוואַרצע נאַכט.

אין מיין קאָפּ אַ ווייסקייט
שנירלט אַ שנירל־שנור
אין די וויטן
צו די צייטן —
אַ שנירל שנור פון ווייסן־ווייס.
און ווי פון תהום אַ רויטער האָן
מיט ביינערדיקע האַנגעקרייען;
זאָגט אָן, זאָגט אָן: וואַך אויף!

ד

זע־זע!
אַ חיה, מיט צעטשוועקלטע האָר,
הייבט זיך הארביק צום הימל —
אַ פייערראָויגיקע:
אויף אירע ריפּן שפּילט איר אָטעם,
שפּילט איר הונגער אוים —
אַ ציינסקאַליענדיקע.

זע־זע!
סקעלעטן בליציק טאַנצן
אין די שוואַרצקייט פון איר מויל.
צעשריגענע מיילער, קרימען קרימען.
קנאה־פאָרוואורף שרייט צו מיר —
שטומערהייט שטומערהייט.
— — — — — — — — — — — — — —
עס האָט אַ בארג געפּלאַצט — פאַרדומפּט די לופט
און גאָר נים מער;
אַ פייער אדלער האָט אַ פלי געטאָן —
אַ בלענד די אויגן — גאָר נים מער.

### ה

ערגעץ ווייט, ערגעץ ווייט
טריט... טריט...
מיינע אויגן, אויפגעברעמט,
שטאַרן אין דער נאַכט אַריין.
און מיין האַרץ — שרעקט און קלעמט —
טריט... טריט...
און נעענטער, און נעענטער
אין דער לופט צעזייען זיך
ווי אַ האָגל שיטן זיך —
טריט... טריט...

### ו

גיט אין לופט, אַ שווינג — אַ שווינג זיך
און אין בלוט אַ זינג — אַ זינג זיך:
לאָמיר גיין! לאָמיר גיין! לאָמיר גיין!
פייגלינגע פאַלט אַרויס!
לאָמיר גיין! לאָמיר גיין! לאָמיר גיין!
טראָט אין טראָט, טראָט אין טראָט — פאָראויס!
זעט ווי די פאָן — אונזער בלוטיקע פאָן —
פלאַטערט אין לופט.
בלוטעט און רופט:
— אויף חורבות ווייט צעשפרייטע
אויף וועגן קלעפּיק רויטע —
פאָראויס! פאָראויס! פאָראויס!

ז

האַי — האַ
מוטיקע.
פון די טאָלן האַרביק קריכן
אַרויף, אַרויף —
די הענט פאַראויס — אַ וואַלד אַ ביינערדיקער
די קעפּ צעפלאַמט — קודלעם פלאַמען
פון דעם ווינט, פלאַטערנדיקע:
צו באַפריי,
און באַניי —
פאַר דער פריי.

ח

האַי־האַ!
ווי עס האָט זיך דאָס צעזונגען —
דונערן זעגן אַזוי די לופט
און צעזיפּן זיך אין טאָל;
פייער־בייטשן, בליציק בייטשן
אין דער שוואַרצקייט פון דער נאַכט.
גיט אַ בליץ אַ שמיץ אַראָפּ,
די שוואַרצע נאַכט פון פעלזן קאָפּ,
גיט זיין האַרטן קאָפּ אַ קריץ —
און ווערט פאַרשלונגען אין דער נאַכט.
טוליען פייגל זיך אין געמטן
און די שרצים אין פעלזן־שפּאַלט,
און די בליצן בליציק בייטשן
רייסן שטיקער פון דער נאַכט;
געגעצן די טאָלן רויט —
שלינגען, שלינגען, שטיקער נאַכט.

ט

ווער קריכט עם דאָרט ווי אַ קראָט אין נאָרע ?
העי, דו.פייגלינג — ליג דאָרט — ליג !
דער נייער טאָג, ווי אַ העמד אַ קלאָרע,
פאַלן וועט צו מיינע פים ;
וועט זיך שפּרייטן,
וועט אויסברייטן —
קלאָרע קלאָרקייט די נייע וועלט.

אהרן ראַפּאַפּאָרט

א

די נאַכט וואָס גיט מיר רו — און מיין איך;
אַזוי איינגעהילטערהייט
אין איר שוואַרצקייט קלייד
פאַרנעם איך רייד,
רייד פון מיין איך.
מאַך איך די אויגן צו,
ציען זיך די צייטן דורך מיר
ווי עס וואָלטן זיך וואַסערן געצויגן:
ניט דאָ איז מיין אָנהייב, ניט דאָ איז מיין סוף.
ווייט, ווייט, הינטער די הרי חושך
האָב איך זיך אָנגעהויבן —
מיט זון,
מיט אייביקן טאָג.

צו דערלייזונג פירט די האַנט פון באַשאַף
דורך בלינד־וועג דער גאַנג.

איך בין דאָ,
מיט אַלץ און אַלעמען מיין אָנהייב.
מיט אַלץ און אַלעמען מיין שייכות.
מיט שווערקייט פון ערד, און גרינגקייט פון ווינט
גיי איך דאָ אום.
דער וואָרעם וואָס דרייט זיך אונטער מיין פוס
קאָרטשעט זיך מיט מיין פּיין דעם שטומען.
דער לייב וואָס ברומט, מיט בלינדער גבורה אַרויס,
פיל איך פון מיינע שפּיץ פינגער דעם ברומען,
און קוק איך אַריין אין בהמה׳שע אויגן
דערפיל איך די רו — פון דערלייזונג,
וואוהין עס וועט פירן מיין אומרו דאָ,
מיין אומרו דאָ.

גייִנציק

ב

א ווילדע וועלט.
א ווילדער מענטש.
מענטש קוקט זיך אום;
וואסער רוישט,
ווינט ווייהט —
גיט ער א טאנץ פאר דער זון;
דארט הימל
דא ערד —
דארט שליסן זיי זיך.

ווילד מענש גייט,
ווינט יאגט אים נאך
ווינט קומט אים אנטקעגן,
נאכט הילט אים איין
טאג לאכט אים אויס —
ווילד מענש גייט דעם הימל דערלאנגען.
קומט צו צום ים.
ים וויגט אין זיין וויג,
ווערט זיך און רופט —
וויל נאר צום הימל.
און וואו מען קומט צו
האט ים א וועג —
נאר ים מיט זיין מיף
ים מיט זיין גרוים —
אליין א צאם
אליין א צאם.

אהרן ראַפּאָפּאָרט

ג

א לעבעדיקער מענטש — א ברענענדיקער בוים.
בוים ברענט,
וועלט טרינקט דאָס ליכט — זיין קיום,
פייער פלאַמט
פייער גליט —
רעט דאָס ליכט פון פייער:
בין געווען — בין דאָ — וועל זיין —
דאָס ליכט — דער קיום, פון אַלץ און אַלעמען.
ווער עס דערוועקט מיך ניט, אַנטפּלעקט מיך ניט.
ווער עס דערוועקט — אַנטפּלעקט —
א פאַרבלענדעניש
א בלינדע מהומה.

ד

די וועלט דאַרף ליכט — טרינקט זי אונז אויס.
קעפּ שטרעקן זיך — גישטערן.
בליקן שפּיזן זיך אין ווייטן,
זעאונגען שינדן די צייטן — פון ווייטן;
אַ וואָויעריי — אין אַ רעגענבויגן־בויג איבער דער וועלט.
אַ קנאַקעריי — פון פאַרבראַכענע הענט איבער דער וועלט —
ירידה, ירידה
די וועלט דאַרף ליכט — טרינקט זי אונז אויס:

ביינערדיקע וועלדער פון הענט כאַפּן זיך אַן חלל.

נאָר די תאווה וואָס ברויזט — שטריק פון ירידה
(מיט דעם בליאַסק פון זודיקן זילבער אין חושך)
פּרוכפּערן זיך לייבער,
פּרוכפּערן זיך לייבער.

# אינהאַלט:

זייט: